# נִסִים אויפ׳ן יַם.

אין דער מְדִינָה האָלאנד, אין א האלב איינגעזונקען הײַזעל בײַם ברעג פון יַם, האָט גע־וואהנט א יודישער פישער מיט׳ן נאָמען „סאטיע". פון אָבות אֲבוֹתָיו א פישער, פערברענגט טעג און יאָהרען אויפ׳ן יַם, וואָס זאָל ער וויסען? סאטיע חאפט פיש, דאָס ווײַב זײַנס שטריקט נעצען און פיהרט די שטוב, די קליינע קינדערלעך וואלגערן זיך אין זאמד און זוכען בורשטין... און אז סאטיע געהט אויפ׳ן יַם און עס מאכט זיך א שטורם־ווינד, עס ווערט סַכָּנַת־נְפָשׁוֹת קען ער אֲפִילוּ קיין שְׁמַע יִשְׂרָאֵל נישט זאָגען...

און פון וואנען האָבען זיי געזאָלט וויסען מעהר? צופוס געהן אין קְהִלָה אריין—איז וויַט, פאָהרען האָט די אָרימע פאמיליע, וואָס האָט קוים פַּרְנָסָה געהאט נישט געקאָנט, און, א חוץ דעם, לאָזט דער יַם נישט אוועק. סאטיעס פאָטער, סאטיעס זיידע און עלטער זיידע זענען אומגעקו-מען אויפ'ן יַם, נאָר אזא כֹּחַ האָט ער שוין, דער יַם: ער איז דעם מענשענס געפעהרליכסטער שׂוֹנֵא, און — ליעב האָט מען איהם, און ציהען ווערט מען צוגעצויגען צו איהם ווי מיט צוואנגען... און מען קאָן זיך פון איהם נישט אָבריַיסען, וויל מען לעבען אויף איהם און אונטערגעהן אין איהם...

נאָר איין יודישער מִנְהָג איז אין דער מִשְׁפָּחָה געבליבען—יוֹם־כִּפּוּר!

עֶרֶב יוֹם־כִּפּוּר אין דערפריה, האָט מען אוים-געקליבען דעם גרעסטען פיש און די גאנצע מִשְׁפָּחָה איז געגאנגען מיט'ן פיש אין שטאָדט

אריַין, און אָפּגעגעבּען האָט מען דעם פּיש דעם קָהָלִ'ישען שׁוֹחֵט, בּיי וועלכען מען פלעגט זיך פער־פאסטען און עסען נאָכ'ן תַּעֲנִית.

יום־כּפּור בּיַים דאוונען פלעגט דעם פישערס מִשְׁפָּחָה זיצען אין בֵּית־הַמִּדְרָשׁ און קוקען צום אָרוֹן־קוֹדֶשׁ; דאוונען האָבּען זיי נישט געקאָנט, טיילמאָל פלעגט סאטיע פאר מיעדקיַיט איַינדרימ־לען, האָט איהם א שָׁכֵן מיט איַין עלענבּויגען צום אויפשטעהן געוועקט.

און בּאלד נאָך יום־כּפּור, פלעגט סאטיַע מיט'ן וויַיבּ און מיט די קינדערלעך זיך אויפהוי־בּען, געזעגענען זיך מיט'ן שׁוֹחֵט און זיַין הויזגע־זינד, און אוועקגעהן און וואנדערן א גאנציַע נאכט צום יַם. נישט „אהיים" פלעגט מען זאָגען, נאָר — „צום יַם".

קיַין בַּעל־דַבְּרָן איז סאטע נישט; דער יַם לערנט שוויַיגען, נאָר די שטאָדט האָט ער פיַינד. ענג, אָן לופט און אָן הימעל. א פאסיקעל צווישען

דאך און דאך... אויפ'ן ים אָבער אַהֲבות...
עס עטעמט זיך.
— עס איז דאָך אייער שׂונא... אייער טויט!
טַעֲנֶה'ט מען צו איהם.
— אָבער א גוטער טויט!
ער וויל האָבען זיין פּאָטער'ס און זיין זיידען'ס סוֹף — איינגעשלונגען ווערען געזונדערהייט פון ים, נישט קרענקען און גוֹסֵס'ען א צייט לאנג אויף א בעט...
און מען געהט צו־פוס א היים, צום ים...
און אז מען געהט צו־פוס איבער נאכט, און עס הויבט אָן גרויען דער טאָג, און מען דערזעהט דעם גאָלדענעם אָבגלאַנץ פון זאמדיגען ברעג, און דערנאָך בליצט־אויף דער שפּיעגעל פון ים, דער־פרעהט מען זיך, פּאטשט מען מיט די הענד...
און אזוי געהט עס פון יאָהר צו יאָהר...
וַיְהִי הַיּוֹם, איינמאָל פּארטאָג, קוים געריי־טעלט האָט זיך דער מִזְרַח, שטיל וועקט זיך אויף

דער יַם, קוים ער עטהעמט, קוים עס הערט זיך זײַן ברומען, ער ציהט זיך פויל און נאָך פער־חָלום׳ט אוים, און ציהט זיך אײַן... וואו נישט פלאטערט אין דער בלאָהע לופט א ווײַסע פאָר פליגעל, שרײַט אויף אײַן עוֹף... און ווײַטער שטיל... שטילע גלאנצען פליהען איבער׳ן יַם, נאָלדענע פלעקען גליטשען זיך איבער׳ן געלען זאמד, פערמאכט זענען די שיפער שטיבלעך איבער׳ן ברעג, נאָר איין טהיר סקריפעט,—סאטיע געהט ארוים...

עֶרֶב יום־כִּפּור איז הײַנט, פרום אין ערנסט איז זײַן פָּנִים, שטיל לויכטען איהם די אויגען, ער געהט טהון א מִצְוָה, האפען א פיש אויף יום־כִּפּור!

און ער געהט צום שיפעל צו און נעהמט אָן די קייט, מיט וועלכער עס איז געווען צוגעבונדען צום ברעג. די קייט קלינגט, און קולות דער־הערען זיך רעכטס און לינקס:

— ניטע, ניטע!

דאָס רופען צו איהם די שְׁכֵנִים, וואָס האָבען ארויסגעשטעקט די קעפּ פון די קליינע פענסטער־לעך.

רוהיג און שטיל ליעגט ווײַט און ברייט אויס־געגאָסען דער יַם, צוזאמענגעגאָסען מיט'ן זוים פון פרישען לאבענדיגען, פרעהליכען הימעל... קוים ער עטהעמט, דער יַם, קוים ער רונצעלט זיך בײַם ברעג, און ווי בײַ א גוטער באָבען, טאנצען ליכטיג־גלאנצענדיגע שמייכלען צווישען די רונ־צלען... און עפּיס מורמעלט ער, א באָבע־מַעֲשֶׂה דערצעהלט דער יַם די צעוואָרפענע, מיט לאנגע וואסער־פלאנצען, ווי מיט האָהר בעוואקסענע שטיקער פעלזען, און זי גלעט זיי איבער די האָהר שמייכלענדיג, שפּיעלענדיג — דער פישער אָבער קען בעסער דעם יַם, און ער גלויבט איהם נישט.

— ניטע...

דער יַם וויעגט זיך און וועט זיך צעוויעגען, און פלאצען וועט דער ליכטיגער שפּיגעל, און פון

שפּיגעל וועט ווערען א געשריי און געפּילדער, און פון רונצלען וועלען אויפשטעהן וואלען, וואָס וועלען שלינגען שיפלעך און שיפען, ווי קליינע פישלעך דער לִוְיָתָן...

— ניטע...

און א באָרוויסער אלטער מאן, מיט א פלאַ־טערדיגען גרויען קאָפּ אָן א היטעל, מיט אנ׳איינ־געשרומפּטען פָּנים, ווי דער יַם, נאָר אָן זיין פאלשען, זיסען שמייכעל, — קומט ארויס פון א שטיבעל, געהט צו סאטיען צו און לעגט איהם ארויף די האנד אויפ׳ן אקסעל:

— זעה!

און ער ווייזט איהם א קליין שווארץ פּינטע־לע, וואָס נאָר א פישער־אויג קאָן דערזעהן, אויפ׳ן זוים פון הימעל.

— פון דעם וואקסט ארויס א וואָלקען...

— פ׳וועל פריהער צוריק אין דערהיים

זײַן, — ענטפערט סאַטיע: — אײן פיש װיל איך נאָר חאַפּען.

און ערנסטער װערט דאָס פּנים, בײַ זײַן אַלטען שכן.

— האָסט אַ װײַב און קינד, סאַטיע!

— און אַ גאָט אין הימעל! — ענטפערט סאַטיע מיט בטחון: ער נעהמט זײַן מצוה טהון... און ער שטופּט אָב דאָס שיפעל און שפּרינגט אַרײַן...

און לײַכט װי אַ פעדער טראָגט זיך סאַטיעס שיפעל איבער'ן ים, און דער ים װיעגט עס אַרום, זיס־ברומענדיג, אַזוי ליעבליך, און זוימט עס און װיקעלט עס אַרום מיט די שענסטע פּערל, װאָס ער פערמאָגט — און דער אַלטער פישער שטעהט אױפ'ן ברעג און קוקט איהם מיט שרעק נאָך.

לײַכט טראָגט זיך סאַטיעס שיפעל איבער'ן ים־געשיקט װאַרפט סאַטיע אַראָב זײַן נעץ, און שװער און שװערער װערט די נעץ, און מיט אַלע כחות

ציהט ער זי קוים ארוים און געפינט אין איהר וואסער-פלאנצען, ים-שטערן, — נאָר נישט קיין איינציגען פיש...

דער אלטער פישער אויפ׳ן ברעג האָט דאָס שיפעל שוין פערלוירען פון אויג, סאטיע ציהט שוין צום דריטען מאָל און צום פיערטען מאָל ארוים די נעץ; נישט לייכט איז זי ארויסצוציהען, אלערליי וואסער-פלאנצען האָבען זיך אין איהרע אויגען פערפלאָכטען—נאָר קיין איינציגער פיש...

און דער ים הויבט זיך און צעווייגט זיך וואָס אמאָל שטארקער, און אויפ׳ן הימעל איז שוין ארויסגעשוואומען די זון, נאָר פייכט איז איהר גלאנץ — א פערוויינטע זון; און דאָס שווארצע פינטעלע אין עק הימעל האָט זיך אויסגעצויגען הארט ביי דער זון, ווי א ברוינע שלאנג, און ווערט טונקלער און טונקעלער, און רוקט זיך צו דער זון...

עס איז שוין האלבער טאָג, און סאטיע

שווימט און שווימט, פרובט און פרובט דאָס מַזָל.

— גאָט, טראַכט ער, וויל נישט, איך זאָג דאָס יאָהר מְקַיֵים זיין די מִצְוָה, און טרויעריג ווערט איהם אויפ'ן הארצען, און ער נעהמט דעם רודער פעסט אין דער האנד אריין און וויל שוין אויסדרעהען דאָס שיפעל צוריק, נאָר אין דער זעלבער רֶגַע בעקומט ער א שפריץ אין פָּנִים אריין, און ער דרעהט זיך אום און דערזעהט. ווי א גרויסער גאָלדענער פיש וואַרפט זיך, שפּיעלענדיג, איבער'ן יַם און שפּריצט מיט'ן ווידעל איבער'ן וואסער.

עֶ! דעם פיש מוז ער חאפען, און ער דרעהט צוריק אום, און יאָגט נאָך דעם פיש...

און דער יַם איז שוין צעוויעגט, חוואליעס הייבען זיך העכער און העכער... א האלבע זון איז שוין מיט א וואָלקען בעדעקט, בונטען ווייסע שטראהלען רייסען זיך קרום פון אונטער'ן וואָלקען, און דער פיש שווימט איבער די פלייצעם

פון די חוואליעס, און סאטיעס שיפעל נאָך...
און פערשוואונדען ווערט פלוצלונג דער פיש,
צווישען איהם און סאטיעס שיפעל הייבט זיך אויף
א וואל, אויפגעבלאָזען, אויפגעיאָגט פון ווינד...

— עס נארט מיך, עס בלענדט מיר די
אויגען! טראכט סאטיע און וויל ווייטער אויס־
דרעהען דאָס שיפעל און שווימען צוריק. אין דער
זעלבער רֶגַע לעגט זיך אָבער די חוואליע, ווי זי
וואָלט מיט־אמאָל איינגעזונקען געוואָרען: כִּמְעַט
צום שיפעל צו שווימט צו דער פיש און קוקט
אויף איהם מיט גרויסע אויגען, גלייך ער בעט
זיך: נעהם מיך, נעהם מיך...

— דרעהט סאטיע צוריק אויס,— פערלוירען
ווערט דער פיש! א נייע חוואליע שווימט אויף
צווישען איהם און דעם שיפעל, און עס הייבט
זיך ווידער אָן דער שטורם פון ים! און גלייך זי
וואָלט זיך פאר'ן ים דערשראָקען, בעהאלט זיך
אונטער'ן וואָלקען די זון... און דער ווינד צעיאָגט

ויך מיט גרויס צאָרן, און ער שמײַכט, און פּאטשט ווי מיט ריטער, און רייצט נאָך מעהר אויף דעם יַם, און דער יַם ברויזט און קנאקט, גלײַך טויזענ־דער באסען שפּיעלען אין זײַנע געדערם, קעסעל־פּויקען אין זײַנע חוואליעס...

— אהיים, אהיים! קלאפּט בײַ סאטיען דאָס הארץ, און ער נעהמט צוזאמען די נעצען אין שיפעל ארײַן, און האפּט שטארקער אָן דעם רודער, און ארבייט מיט אלע קרעפטען. די אָרעָרן אין דער האנד ווילען פּלאצען. ווי א הוילע נוס ווארפט זיך דאָס שיפעל אויף און אָב איבער די חוואליעס, פערשווארצט איז דער הימעל. ברוין־צאָרניג דער צובראָכענער יַם — און ער ארבייט אלץ — א היים, א היים...

פּלוצלונג דערזעהט ער, עפּעס שווימט צו איהם צו פון דער זײַט — א מענשליכער קערפּער שווימט, א דערטרונקענער, א פרוי איז עס — פּאר איהר שווימען די האָהר, שווארצע האָהר — זײַ

ווײַב האָט אזוי־ע האָר ... פון אונטער די האָר בעווײַזען זיך ווײַסע הענד — זײַן ווײַב האָט אזוינע הענד ... אונ א קול רופט: ראטעווע! —: זײַן ווײַב'ס קול ... זי האָט איהם געמוזט נאָכשווימען אויפ'ן צווייטען שיפעל. זי טרענקט, זי רופט נאָך זײַן הילף...

און ער דרעהט דאָס שיפעל אויס רעכטס און וויל צו צום קערפּער. — דער ים לאָזט נישט! הוואליעס הייבען זיך אין דער מיט, דער שטורם רײַסט און וואָיעט — נאָר אין דעם שטורם הערט ער איהר קול: העלף! העלף! סאטיע, העלף!...

און ער שטרענגט אָן די לעצטע קרעפטען צו צושווימען, און אָט איז ער שוין נישט ווײַט פון ווײַסען פלעק; די האָר זעהט ער שוין נישט, נאָר דאָס שווימענדיגע, זינקענדיגע קלייד ... מיט'ן רודער צו דערלאנגען ... נאָר אין דער מיט, צווישען איהם און זײַן ווײַב הייבט זיך אויף א וואַל, שטויסט זי אָב אין איין זײַט, דאָס

שיפעל — אין דער צווייטער . . .

— א פערבלענדעניש ! — טראַכט ער, זיך דערמאָנענדיג , אז דאָסזעלבע האָט ער געהאט מיט'ן גאָלדענעם פיש ; און נישט ווילענדיג ווארפט ער איין אויג צום ברעג, זעהט ער , ווי עס לײַכט זיך שוין אין די פישער-הייזלעך די פענסטער.

— יום-כּפּור ! — דערמאָנט ער זיך, און לאָזט פּלוצלונג ארוים דעם רודער פון דער האנד.

און דער ווינד רײַסט , און כּף-הַקֶלַע ווארפען די חוואליעס דאָס שיפעל ; און סאטיע, ווי ער האָט ארויסגעלאָזט דעם רודער פון דער האנד , אזוי זיצט ער רוהיג , און קוקט מיט אָפענע אויגען אמאָל צום פערשלאָסענעם הימעל ארויף , אמאָל צום קאָכענדיג־שווימענדיגען יַם אראָב .

— טהו מיט מיר, גאָט , וואָס דו ווילסט ! זאָל דײַן רָצוֹן געשעהן ...

פּלוצים דערמאָנט ער זיך א יום-כּפּור'דיגען נִגוּן , און ער הייבט אָן נאָכצוזינגען דעם נִגוּן . דער

הימעל ווערט שווארצער און שווארצער, די תּוואַליעס הייבען זיך העכער, שארפער נאָך בלאָזט דער ווינד... דאָס שיפעל ווארפט זיך באַרג-אויף, באַרג-אַפּ, איין חוואַליע ווארפט עס צו דער צווייטער... איינע רייסט איהם ארויס און שלײַדערט איהם אוועק דעם רודער, א צווייטע קומט אָן פון הינטען און יאָגט זיך נאָכ'ן שיפעל מיט איין אָפען מויל... דער ווינד רײַסט ווי טויזענ-דער וועלף — און אין דעם געדודער אַרײַן זינגט סאטיע דעם יום-כּפּור'דיגען נגון...

די חוואַליע שלאָגט אין שיפעל אַרײַן. סאטיע וויל שטארבען זינגענדיג, נאָר דאָס שיפעל קעהרט זיך איבער... אָבער סאטיען איז נאָך דער טויט נישט בעשערט...

צוויי ווײַסע געשטאלטען, ווי פון נעבעל געוועבט, געהען, האלטענדיג זיך בײַ די הענד, באַרוועס, מיט צופלאָסענע האָהר און לײַכטענדיגע אויגען, איבער'ן ים, און ווי סאטיע דרעהט זיך

איבער מיט'ן שיפעל, קומען זיי צו, הייבען איהם אויף, נעהמען איהם צווישען זיך, און געהען מיט איהם אונטער די אָרעם, און טרעטען מיט איהם איבער די חוואליעס, ווי איבער בייטען און בערג-לעך, און פיהרען איהם אזוי, געארעמט צווישען ווינד און געטומעל. ער קוקט און וויל רעדען, עפּעס פרעגען וויל ער — נאָר זיי זאָגען איהם!

— זינג בעסער, סאטיע, זינג! דיין געזאנג וועט גובר זיין דעם צאָרן פון ים...

זיי געהען מיט איהם, און סאטיע הערט, ווי דאָס שיפעל זיינס געהט איהם נאָך... ער דרעהט זיך אום — דאָס שיפעל מיט דער נעץ, און אין דיזער נעץ איז פערוויקעלט דער גאָלדענער פיש...

און אז זיי האָבען איהם צוגעפיהרט צום ברעג און געלאָזט איהם אהיים, האָט ער גע-טראָפען ביי זיך דעם שוחט מיט דער שוחט'קע.

אין שטאָדט איז א שׂריפה געוועזן, זענען זיי געקומען צו איהם צו גאסט...



# שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ'ס מִשְׁפָּט.

(פֿאָלקסטימליכע מעשה־לע)

בִּימֵי הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה — אין די צייטען פון מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה האט געלעבט אנ'אַלְמָנָה, אָנ'ארימע, מיט'ן נאָמען שוּנַמִית.

און געלעבט האָט די אַלְמָנָה שוּנַמִית אין א סֻכָּה פון אלטע ברעטער, בעדעקט מיט סְכַךְ פון צווייַגען און בלעטער פון פאלמען־בוימער, אין א פישער דאָרף, בייַם ברעג פון יַם הַגָּדוֹל.

און געשפּייַזט האָט זיך די אַלְמָנָה מִיגִיעַ כַּפֶּיהָ — מיט שטריקען און פעריכטען די נעצען, פאר די פישער אין פישער־דאָרף.

וַיְהִי הַיּוֹם — איז געקומען די צײַט פון ווינ־
טען און שטורמווינטען. קיין שיפעל געהט נישט
אין יַם ארײַן, קײַן געץ ווערט נישט פערשפרייט,
איז די אַלְמָנָה געבליבען אָהן א ביסען ברויט.

ווערט זי דאָך נישט געהן אין די אָרימע פּי־
שער-הײַזלעך ארײַן בעטען ברויט; עס פעהלט
אומעטום. ווענדט זי זיך ווײַטער פון דאָרף.

עטליכע מײַל פון דאָרף, אין א גרויסען הויז
מיט א גרויסען געהויף האָט געוואוינט א רײַכער
יוד, וואָס איז געבענשט געוואָרען פון זײַן ליבען
נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכטבארע גערטנער
און גאנצע וועלדלעך איילבירטען, און מיט הער־
טען שאָף און רינדער, און טויל-טיהרען, און
קעמלען.

הויבט זיך איינמאָל אויף די אַלְמָנָה שׁוּנַמִית
אין דער-פריה, זעהט, אז דער הימעל איז א ביי־
זער, די לופט — ווינטיג, פערשטעהט זי, אז זי
מוז שוין אָנקומען צו מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם, בעדעקט

זי זיך מיט אג׳אלטער שאל, וואָס זי טראָגט בײַ־
טאָג און דעקט זיך מיט איהר צו בײַ־נאכט און
לאָזט זיך פון דאָרט אין וועג ארײַן, צום רײַכען
יוד.

קומט זי קעגען מיטאָג צום געהויף, טרעפט
זי דעם רײַכען יוד פאר דער טיר. געהט זי צו,
בוקט זיך דרײַ מאָל, ריהרט דרײַ מאָל אָן מיט׳ן
שטערן די ערד פאר זײַנע פיס.

פרעגט ער זי:

—וואָס בוקסטו דיך פאר מיר אִשָׁה? שטעה
אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דײַן
פערלאַנג.

זאָגט זי איהם:

— „איך בין די אַלְמָנָה שׁוּנַמִית פון פישער־
דאָרף בײַם ברעג פון ים". און פערצעהלט איהם
וועגען איהר נויט: שוין לאנג קײַן ביסען ברויט
אין מויל נישט געהאט, און בעט א לעבעל ברויט.—
„ די נְשָׁמָה צו דערהאלטען!"

ווײַזט ער איהר, וואָס אין געהויף טוט זיך.

— זעה, אִשָׁה, אָט שפּײַנט מען ערשט מײַ־נע קעמלען און מויל־טיהרען אויס. פון יְרוּשָׁלַיִם קום איך, איך האָב שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ'ס פּאלאץ גע־זעהן. א פּאלאץ — א פערבלענדעניש! און מען לאָזט יעדען אריין, און איך בין אריינגעקומען. אין א גאָלדענער קרוין, אין זײַן גאָלדענער שטול איז שְׁלֹמֹה געזעסען ארומגערינגעלט מיט שָׂרִים׳ און זְקֵנִים און פאָלק. און ער האָט פאר זיי תּוֹרָה און חָכְמָה געזאָגט; פּערעל האָבען זיך געשיט פון מויל.

און הער, וואָס ער האָט געזאָגט, אִשָׁה!

—ווער עס וויל לעבען, נעהמט קיין מַתָּנוֹת נישט. ווער עס נעהמט אומזיסט, פערקירצט זיך זײַנע יאָהרען, וואָס זײַן ליעבער גאָמען האָט איהם בעשערט. גאָט איז אַ דַיָּן אַלְמָנוֹת, ער וועט עס מיר נישט פערגעסען, אז איך האָב מיטגעהאָלפען צו פערקירצען דײַנע יאָהרען...

— אומזיסט גיב איך נישט.

— אויב אזוי — זאָגט די אִשָׁה, — גיב נישט אומזיסט. באָרג מיר א לעבעל ברויט אָדער לײַה מיר א ביסעל מעהל, וועל איך עס מיר אהיים טראָגען און אָבבאַקען, און דאָס לעבען דערהאַלטען, און דאנקען דיר און בעטען פאר דײַן לעבען...

— דאָס אויך נישט אִשָׁה! — ענטפערט דער עושֶׁר געלאסען. „עֶבֶד לֹוֶה לְאִיש מַלְוֶה" — האָט שְׁלֹמֹה הַמֶלֶך געזאָגט, ווער עס לײַהט, קויפט זיך א קנעכט. און קנעכט קויף איך מיר פרעמדע, נישט מִזֶרַע אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקב... איך וויל אייגען פלייש און בלוט, בִּפְרַט אַנ'אַלְמָנָה, פאר קיין קנעכט נישט האָבען... איך באָרג דיר נישט, און לײַה דיר נישט...

פרעגט די אִשָׁה—.

— זאָל איך פאלען פאר הונגער פאר דײַנע

פּיס? דאָס וועט נאָט בעסער געפעלען, דעם דיין אַלְמָנוֹת?

— דו וועסט, אַלְמָנָה שוּנַמִית, — ענטפערט ער איהר נאָך געלאסענער, — פאר מיינע פּיס פאר הונגער נישט פאלען... העלפען וועל איך דיר, ווי גאָט איז מיר ליעב! נאָר העלפען וועל איך דיר מיט אַן עֵצָה:

— נויג דיין אויער, אִשָׁה, און הער! מיין קאמער איז צינד לער. די הונדערט זעק מיט'ן ווייסען ווייצען-מעהל ווי שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, קיין יְרוּשָׁלַיִם אָבגעפיהרט, צום מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה אין פאלאץ אריין, און די ברע-טער, וואָס האָבען זיך אונטער די זעק געבויגען זענען פריי, אָבער ווייס, גאנץ ווייס זענען די ברע-טער; בעדעקט מיט שטויב, וואָס מיט איהם האָ-בען די זעק געשוויצט. דער שטויב איז הֶפְקֵר, דער שטויב איז נישט מיין, גְעה, עַל כֵּן, אין קא-מער אריין, וויש דיר די ברעטער אָב, זאמעל

דעם שטויב פון ווײַסען ווייצען-מעהל ווי שניי, נעהם אהיים, לעג אָן א פײַער, קלויב שפּענדעלעך אויפ׳ן וועג — און באק דיר דײַנע קיכלעך אָב, זאָל זײַן ליעבער נאָמען אריײַנשיקען די בְּרָכָה אין דײַן שטויב פון מעהל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

---

האָט די אַלְמָנָה שונַמִית געטאָן, ווי דער פרומער און רײַכער יוד האָט איהר גערעאָטען. האָט זי אָבגעשארט און אָבגערייניגט] דעם שטויב פון מעהל פון די ברעטער אין רײַכען, פרומען עוֹשֶׁר׳ס קאמער; צוריק-צו-וועגס האָט זי פון ווינד פער-יאָגטע צווײַגלעך אויפגעזוכט; אהיים געקומען, — שוין נאכט געווען, — האָט זי פון די צווײַגלעך פײַער געמאכט, די מעהל מיט וואסער געמישט און געקנעטען; זענען דרײַ קליינע ברויטלעך ארוים, האָט זי די דרײַ ברויטלעך בײַם פײַער קוים אָבגעבאקען, און גאָט פאר זיינע חֲסָדִים לויבענדיג׳

ווײל זי נעהמען דעם ערשטען ברויטעל צום מויל,— עפענט זיך מיט אימפעט פלוצלינג פון דרויסען די טיר, און בײַדעל פאלט ארײַן א מענש מיט א געשריי:

— ראטעוועט א מענש פון טויט! שוין דרײַ טעג און דרײַ נעכט אין מויל נישט געהאט...

און ער פערצעהלט אין שרעק און אײַלעניש:

אַ שְׂרֵפָה אויסגעבראָכען אין זײַן דאָרף. אין מיטען דער נאכט, ווען אלע זענען געשלאָפען, האָט אויסגעבראָכען די בראַנד. א פײַער פון הימעל געפאלען... און דער שטורם האָט דעם פײַער איבער'ן גאנצען דאָרף צעיאָגט... אלץ איז פער־ברענט, ער איינער איז פון די פלאמען פײַער און די זײַלען רויך מיט'ן לעבען ארויס. אלץ איז גע־וואָרען א רויב פאר דער בראַנד: מאַן, ווײַב און קינד, און שאָף, און רינד, און האָב, און גאָב. און דרײַ טעג און דרײַ נעכט לויפט ער ארום, פון

פֿיַער געיאָגט, פון שרעק געטראָגען און אָהן א ביסען ברויט...

דערלאַנגט איהם די אַלְמָנָה דעם ברויטעל און זאָגט איהם:

— געה, און דערהאַלט דײַן נשמה...

געהט דער אָנגעקומענער ארוים און פערשווינדט אין דער פינסטערניש פון דער צוגעפאַלענער נאכט.

דאנקט די אַלְמָנָה זײַן ליעבען נאָמען, וואָס האָט איהר ברויט געשענקט, און נאָך א מִצְוָה, א מענש בײַם לעבען צו־דערהאַלטען, בעשערט. און וויל דעם צווייטען ווייכען ברויטעל נעהמען צום מויל.

עפענט זיך נאָך אמאָל מיט איכפּעט די טיר, און א צווייטער מאַן פאַלט אין דער אַלְמָנָה׳ס בײַדעל ארײַן מיט דעם זעלבען געשריי:

— ראַטעוועט א מענש פון טויט...

ער איז א רײַכער מאַן געווען, הערטען שאָף

און רינדער אין סטעפּ געפּאשעט, אין רײַכע געצעלטען מיט װײַב און קינדער געװאױנט ; און יונגען געזונטע בײַם שאָף און רינד געהאלטען . . . פלוצלונג זענען בעדרואינען , װי אויף די פליגלען פון װינט , אַנגעפלױגען אויף זייערע פערד , מיט בויגען געשפּאנטע אין די הענד . פון אלע זײַטען זיי ארומגערינגעלט, מיט א האָגעל פײַלען בעשיט, די יונגען מיט װײַב און קינד געטױט, די הערטען אָבגעפיהרט און מיט זיי אין װײַטען ברייטען סטעפּ פערשװאונדען . . . און אז דער סטעפּ האָט אויפ־געהערט אָבצוקלינגען זייערע טריט , האָט ער זיך איינער א לעבעדיגער פון צװישען די טױטע אויפ־געהױבען , און בלאָנדזשעט שױן דרײַ טעג און דרײַ נעכט ארום אָהן א ביסען ברױט , איידער ער איז צו איהר בײַדעל געקומען . —

— דערלאַנג , האָב רַחֲמָנות , א ביסען צום מויל, א נישט, פאל איך א טויטער צו דײַנע פיס...—

דערלאַנגט איהם די אַלְמָנָה שוּנַמית מיט א

פרעהליכע מינע דעם צווייטען ברויטעל, גאָט
לויבענדיג און דאנקענדיג פאר דער צווייטער
גרויסער מִצְוָה, וואָס ער האָט איהר בעשערט,
הייסט איהם אויך ארויסנעהן עסען פאר דער טיר,
ווייל זי איז איינע אליין אין ביידעל, און ער טוט
אזוי. און פערשווינדט אויך אין דער פינסטערער
נאַכט...

נעהמט זיך די אַלְמָנָה שונַמִית צום דריטען
ברויטעל און וויל עס שוין נעהמען צום מויל.
רייסט זיך פלוצלינג ארויס מיט בענייטע כּחות פון
צָפוֹן דער ווינט און רייסט איהר ביידעל איין,
צעפאלען זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליהט
ערגעץ אוועק דער סְכַך. און דער ווינט רייסט
דער אַלְמָנָה דעם דריטען ברויטעל פון דער האנד
ארויס און שליידערט עס אין יַם אריין...

דער ווינט האָט זיך געלעגט, שטיל — דער
יַם. איבער זיין וואסער, ווי איבער א שפיגעל,
גליטשען זיך די ערשטע שטראהלען פון דער

אויפגעהײַנגדערט זון. באלד ווינט זיך אויפבאפען
דער דאָרף, אָבבינדען מיט פרייד די שיפלעך
בײַם ברעג, פערשפרייטען נעצען... קינד און קייט
וועט ארויסלויפען בעגלייטען די פישער. און מיט
פרייד-געשרייען רופען: אוים הונגער, געלויבט
זײַן ליעבער נאָמען! עס וועט זײַן ברויט.

אָבער נישט וועגען דעם טראכט די אַלְמָנָה.
אנ׳אנדער געדאנק עקבערט איהר מֹחַ.

— וואָס האָט גאָט פון איהר געוואָלט? וואָס
האָט גאָט מיט איהר, דער אַלְמָנָה, געטאָן?

— איין ברויטעל האָט ער איהר צוגענומען
פאר אנ׳אנטלאָפענעם פון פײַער, רעכט! זאָל זײַן
געלויבט זײַן נאָמען!

— דעם צווייטען — פאר א געראטעווטען
פון גַזְלָנִים. אויך — געלויבט זײַן ליעבער נאָמען!
ער האָט געגעבען, ער האָט גענומען, פאר א
בילכערן פון איהר...

— אָבער דעם דריטען ברויטעל? אויסצו-

רײַסען בײַ אַנ'אַלְמָנָה פון מויל און שלײַדערן אין יַם אַרײַן ?! —

דאָס איז איהר אונמעגליך צו פַערשטעהן...

און עס פאלט איהר אײַן, אז גאָט ווייס גאָר נישט דערפון... אז דאָס האָט דער ווינט אליין אָהן גאָט'ס וויסען און קעגען זײַן רָצוֹן געטאָן.

אנדערש קען ניט זײַן!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גַזְלָן, נישט שענקען; זי וועט דעם ווינט פערקלאָגען...

פאר וועמען?

פאר דעם מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה.

פאר איהם וועט זי האָבען אַ דין תּוֹרָה מיט'ן ווינט, קיין יְרוּשָׁלַיִם וועט זי געהן!

קלערט זי נישט לאנג, פערדעקט דעם פָּנִים מיט דער צעריסענער שאל און לאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

פערהונגערט איז זי און פערשמאכט, נאָר דער גערעכטער צאָרן טראָגט זי אויפ'ן ווײַטען

וועג. און זי איז געקומען — קיין יְרוּשָׁלַיִם.

קומט זי, פרעגט זי נאָך, ווײַזט מען איהר, וואו דער כֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה הויזט. לאָזען זי די שׁוֹמְרִים אריין. שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ'ס טירען זענען אָפען פאר אלע־מען, בִּפְרַט פאר אַלְמָנוֹת. קומט זי אין זאל אריין און פאלט פאר'ן מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה, וואָס זיצט אויף זײַן שטול. אויפ'ן פָּנִים:

—אֲדוֹנִי הַמֶּלֶךְ — זאָגט זי—אַ דִין תּוֹרָה האָב איך.

—מיט וועמען? איך זעה, דו קומסט אליין.

— מיט'ן ווינט,—ענטפערט די אַלְמָנָה: און הויבט צו איהם דעם פָּנִים אויף, און פערצעהלט איהם איהר מַעֲשֶׂה.

— גוט — ענטפערט דער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה—דײַן פָּנִים איז דײַן עֵדוּת: ער איז מוֹעֵד, און אין דײַנע אויגען ברענט דער הונגער. וועסט דו דיך קוֹדֶם כֹּל דערפרישען. זעץ זיך דערווײַל, אִשָּׁה, אין א ווינקעלע, מען וועט דיר דערלאנגען ברויט און

וויַן ... עס, טרינק און דערהאַלט דיַין נְשָׁמָה, דערנאָך וועסטו הערען דעם פְּסַק.

געהט זי אָב אין א ווינקעלע. דערלאַנגט מען איהר ברויט מיט וויַן. און דערווייַל קומען דריַי פרעמדע מענער אריַין. דריַי פרעמדע מענער, מיט זעקלעך אויף די אקסלען. צום מֶלֶך שְׁלֹמֹה דאַר־פען זיי.

— וואָס איז אייַער פערלאַנג, פרעמדע מע־נער? און וואָס טראָגט איהר אין די זעקלעך אויף אייַער אקסעל?

דערצעהלען די מענער אזא געשיכטע:

יִשְׁמְעֵאלִים סוֹחְרִים זענען זיי, האנדלען מיט צירונג טייַערע און כֵּלִים, און בְּשָׂמִים די טייַערסטע, זענען זיי זאלבעדריט געפאָהרען אין א שיפעל איבער׳ן יַם... ווינטען זענען געוועז, אומרוהיג איז געוועזן דער יַם, זענען זיי אָבער שטארקע און געניטע לייַט, שרעקען זיך פאר קיין ווינטען נישט שווימען זיי וואל־ארויף, וואל־אראָב...

האָט אָבער, איינמאָל פאר נאכט, אָנגעהויי-
בען די שיפעל צו נעצען... געלעכערט איז ער-
געץ געוואָרען, און מיט וואָס צו פערשטאָפּען איז
נישטאָ. שרייַען זיי, אֶפְשָׁר וועט מען דערהערען
פון ברעג און קומען צו הילף. הערט קיינער נישט.
דער ווינט כאפּט זייערע געשרייען און צעוואַרפט
איבער׳ן יַם, די וואלען כאפּען אויף די קולות און
אנטלויפען מיט זיי אין דער נאכט אריַין...

און די שיפעל נעצט און הויבט אָן זינקען...

שרייַען זיי צו גאָט, צו זייער גאָט; ער הערט
נישט. רופען זיי צו אנדערע געטער, צום גאָט פון
מוֹאָב, צום גאָט פון פְּלִשְׁתִּים, קיינער ענטפערט
נישט. האָבען זיי זיך דערמאָנט, אז עס איז דאָ
נאָך א גאָט, א גאָט פון יִשְׂרָאֵל... פּרובען זיי.

— גאָט פון יִשְׂרָאֵל, ענטפער אונז אין דער
נויט!

און אַ נֶדֶר טוען זיי:

— דאָס גאנצע גאָלד און זילבער, וואָס מיר

האָבען געלייזט, גיבּ'ן מיר דיר אוועק פאַר אונזע־
רע נְפָשׁות, נאָר ראַטעווע אונז! ראַטעווע, גאָט
פון יִשְׂרָאֵל...

און אין דער רֶגַע האָט זיך אַ שטאַרק געטאָן
דער ווינט, עפּעס פון בּרעג אין שיפעל אַריין, מיט
אַ געוואַלדיגען כֹּחַ, אַריינגעשליידערט; פּונקט אין
לאָך פון שיפעל אַריין, און האָט עס פערשטאָפּט...

און בּאַלד האָט זיך געלעגט דער ווינט, און
מיר זענען בְּשָׁלוֹם צוגעשוואומען צום בּרעג...

האָבען מיר בּיי לייטען זיך נאָכגעפרעגט:

— וואו הויזט דער יודישער גאָט? מיר
ווילען אונזער נֶדֶר מְקַיֵים זיין!

האָט מען אונז אָנגעוויזען יְרוּשָׁלַיִם...

זענען מיר מיט אונזערע זעקלעך קיין יְרוּשָׁלַיִם
געקומען און אין די גאַסען די מענשען אויסגע־
פרעגט: וואו איז אייער גאָט? מיר ווילען איהם
זעהן! האָבען לייט אונז געענטפערט. אַז דעם
גאָט פון יִשְׂרָאֵל זעהט מען נישט...

— מיר דארפען איהם דאנקען, כָּבוד אָפּ־
געבען, און א מַתָּנָה דערלאנגען ...

האָבען זיי מיט די אקסלען געדריקט; אנדערע
האָבען אונז אויסגעלאכט ...

האָבען מיר בעגעגענט עלטערע לײַט, וואָס אין
זיי האָבען מיר זיך פערטרויט און אַנ׳עֵצָה געפרעגט:
וואָס טוט מען מיט אונזער נֶדֶר? ווען
גיט מען, אז עס זאָל פּאסען צו אײַער גאָטס
ווילען, די זעקלעך מיט זילבער און געלד? —
האָבען זיי קיין בעשייד נישט געוואוסט. נאָר
איינער פון זיי, דער עלטסטער, האָט אונז
געראָטען, מיר זאָלען זיך ווענדען, גרויסער האַר
און מֶלֶך, מיט דער שְׁאֵלָה צו דיר.

דו ביזט, האָבען זיי געזאָגט, דער קלוגסטער
אויף דער גאנצער וועלט, און דו וועסט וויסען
אונז צו ראָטען, ווי אזוי אונזער נֶדֶר מְקַיֵים צו
זײַן, צו טון מיט׳ן גאָלד און זילבער לויט דעם
ווילען פון גאָט פון יִשְׂרָאֵל.

האָבען זיי געענדיגט און געבוקט זיך, און דער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה פרעגט:

— האָט איהר, פרעמדע לייט, בעטראכט, וואָס דער ווינט האָט אייך פון ברעג אין שיפעל אריינגעשליידערט? מיט וואָס ער האָט די לעבעל פערשטאָפּט, איהר זאָלט נישט אונטערגעהן?

— מיר האָבען געזעהן, גרויסער מֶלֶךְ! ארויסגענומען און גוט בעטראכט; א קליין ברויטעל איז עס געווען, א ווייך, נישט דערבּאקען ברויטעל... מ׳ר האָבען עס געבּרענגט דיר צו ווייזען, מֶלֶךְ...

און דער עלטסטער נעהמט דעם ברויטעל פון בוזעם ארוים און ווייזט עס. —

רופט צו דער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה די אַלְמָנָה שׁוּנַמִית אין פרעגט, צו זי דערקענט נישט, צו איז עס ניט איהר ברויטעל?

דערקענט זי: מיין ברויטעל. —

פּסַקְ׳עט דער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה, מען זאל איהר

געבען די דרײַ זעקלעך גאָלד און זילבער. — ,,
אַזוי די לייט, דאנקען און געהען.

און צו דער אַלְמָנָה ווענדט זיך דער מֶלֶךְ
שְׁלֹמֹה:

— נעהם דאָס גאָלד מיט'ן זילבער! עס א
דײַן! דאָס האָט דיר גאָט פאר דײַן דריט ברויט
בעצאָהלט. און זײַ וויסען, אז קיינער טוט גענ
גאָטס רצון; אלץ געשיהט לויט זײַן ווילען. א
אז נאָר זײַן שְׁלִיחוּת טוט דער ווינט.



ריַיט! נעהמט אויף אַ וויַילע צו מאַרק'ן.
נישט הערען. קינד מיַינס, נאָר אַ רֶגַע
...ט געוויערן. באַלד, באַלד. גיב מיר אַ קוש
און געה אַ וויַילע אַוועק. קוש, קוש...
מען האָט מאַרק'ן צוגענומען. אַלע זענען
אוועק, און נאָר דער דאָקטאָר מיט זיַין געהילף
זענען געבליבען. זיי האָבען פערשלאָסען די טהיר.
דער הערר מעקינעס האָט געוואָלט מאַרק'ן
אַפּיהרען אין אַ וויַיטען צימער, אָבער מאַרק
האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט. ער איז גע-
בליבען שטעהן, ווי אַ צוגעשמידטער.
— וואָס איז דער מאַמע'ן? — האָט ער גע-
פרעגט מיט אַ טרעהרענדיגען קול, — זאָגט מיר,
וואָס איז מיט מיַין מאַמע'ן. וואָס וויל מען איהר
טהאָן?
מעקינעס האָט גענומען מאַרק'ן דערקלערן
...באַט זיך געפּלאָנטערט אין די רייד. ער
...נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגען דעם יונגעל.

מאַרק האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען גוף
פלוצלונג האָט אַ ווילדער אויסגעשר
פון אַ פערוואונדעטער חיה, פערהילכט ד
צע הויז...

— מײַן מאַמע איז געשטאָרבען! — האָט מאַרק אָבגעענטפערט מיט אַ צווייטען אויסגעשריי.

— דײַן מאַמע וועט שוין בלײַבען לעבען, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר וואָס האָט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל פון טהיר.

מאַרק האָט אײַנגעטונקט זײַנע אויגען אי
דעם דאָקטאָר'ס פָּנים און איז איהם צוגעפאַ ע
צו די פיס.

— אַ דאַנק!

— שטעה אויף! — האָט געזאָגט דער
טאָר, — נישט איך האָב געראַטעוועט די מאַמע'ן — נאָר דו, מײַן העלדיש קינד, מײַן גוט קינד שטעה אויף, מײַן גוט קינד!..



